יעקב כהן
(בן אהרן)

# אין פלאַם פון דאָרן

(פאעמעס און לידער)



פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב
תשכ"ה — 1965

J. KAHAN

# IN FLAM FUN DORN

יעקב כהן / אין פלאַם פון דאָרן

„Hamenora" Publishing House
24, Zangwill St. Tel-Aviv, Israel
פאַרלאַג „המנורה", רח' זנגביל 24, תל־אביב, ישראל





נדפס בישראל
Printed in Israel, 1965

דפוס „ארזי" בע"מ, ת"א, רח' אילת השחר 4, טל. 34294

# אריינפיר

די פּאָעמעס „ס'איז אַזוי געווען", „לעצטער העלד פון געטאָ" און אַנדערע, האָב איך געשריבן אין רוסלאַנד (דזשאַמבול), סוף 1944, ווען עס זיינען צו אונדז דערגאַנגען די ידיעות פונעם יידישן חורבן, באַזונדער פונעם פּוילישן יידנטום, אין דעם אויך מיין אייגענער חורבן.

שוין זייענדיק דאָ אַ וועכטער אין אַ שניידער־„אַרטעל", ווו איך בין אין די נעכט געווען דער בעל־הבית פון אַן אייגן ווינקל, האָב איך זיך שוין צוריק גענומען צום שרייבן.

און דאָ, אינעם שניידער־„אַרטעל" אויף דער „נאַמענגאַנסקאַיאַ", אין דער נאַכטיקער שטילקייט נאָכן באַזאַרישן טומל, — האָב איך אַן אָפּגעשלאָסענער און צעווייטיקטער פונעם אייגענעם און דעם פאָלקס בראָך, אָנגעהויבן אין די שלאָפלאָזע נעכט פאַראייביקן דעם צער און פּיין, וואָס האָט זיך ווי אַן איבערגעגאָסענער טייך איבערגעגאָסן איבער מיין האַרץ און נשמה.

איך האָב געוואָלט לינדערן דעם אייגענעם פּיין. דעם פּיין פון איינעם, וועמען עס איז באַשערט געווען צו טרינקען פונעם כוס ביזן סוף. — ווייל דער בראָך וואָס האָט געטראָפן מיין פאָלק, האָט מיך אַליין צומיינסטן געטראָפן.

די דייטשע קאַניבאַלן וואָס האָבן נאָך אָנגעהויבן מיט מיין פאָטער בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה (צוליב זיי געשטאָרבן צו 36 יאָר), האָבן מיט גאָר מיין משפחה פאַרענדיקט בעת דער צווייטער, אין די גרויליקע פערציקער יאָרן. און איך בין פון אַ פאַרצווייקטער משפחה, אין דעם מיין פרוי און דריי יונגעלעך, געבליבן אַליין אויף דער וועלט.

איך האָב אָבער, לדורות געוואָלט פאַרצייכענען דעם פּיין פון אַ דריטל פון מיין פאָלק, דעם גרויל און שאַנד פון די דייטשן און אויך גאָר דער וועלטס געשווייג. איך האָב דעריבער געצילט, הגם אין אַן עלעגיש פּאָעטישער פאָרם, דאָך, ווי ווייט מעגלעך, אין פשוטע ווערטער און אויסדרוקן, צו געבן אַ מער דירעקט בילד פונעם געשען.

✶

די פּאָעמעס זענען ביי מיר געלעגן נישט אַרויסגעגעבענע, הגם איך האָב אינצווישן פאַרעפנטלעכט 9 ביכער (אַחוץ דריי פאַרפאַלענע אין מאַנוסקריפּט און צוויי דערשינענע אין 1930.31) און פול אַרטיקלען און עסייען אין פאַרשידענע צייטונגען און זשורנאַלן, ווייל „משום דקדושה ואימתה דחורבנא", צוליב דער גרויס און פאַרנעם פון דער קאַטאַסטראָפע, האָב איך וועגן פאַרעפנטלעכן זיי אין בוך־פאָרעם געהאַט פאַרשידענע ספקות.

נאָר צוליב דער טענדענץ פון דער וועלט און אויך פון אַ טייל יידן אַליין, צו פאַרשווייגן און שלום מאַכן מיטן געשטענעם, האָב איך באַשלאָסן זיי אַרויסצוגעבן.

✶

נאָך פילמאָליקע איבעראַרבעטונגען, האָב איך זיך צוריקגעקערט צום ערשטן טעקסט און פאָרעם, איבערלאָזנדיק אויך אינעם פריערדיקן נוסח די סטראָפע אויף זייט 29: „ביי די טויערן פון ארץ ישראל מיין לאַנד, האַלט ענגלאַנד דעם שליסל אין איר האַנט", אין הסכם מיט דער צייט ווען די פּאָעמע איז געשריבן געוואָרן.

איך האָב נישט געוואָלט, באַזונדערס מיט דער ערשטער פּאָעמע, צופיל זיך קינסטלען און מיט דעם באַשווערן די איינפאַכקייט און קלאָר־קייט פונעם בילד און געדאַנק.

די איבעריקע פּאָעמעס און לידער האָב איך אַריינגענומען צוליב זייער ענלעכקייט צו די ערשטע.

דאָס איז דאָס צווייטע לידער־בוך. דאָס ערשטע איז דערשינען אין 1949, אין פּאַריז.

**דער מחבר**

# אינהאַלט:

# ס'איז אזוי געווען

**(פּאָעמע)**

אין נײַנצן פערציק פיר און פערציק, ס'איז געווען.
ביי דייטשלאַנדס הערשאַפט פון גימלען פיר *
ווען שטאָל און אייזן צעשפּאַרט האָט אייראָפּעס טיר,
איז דאַן גאַנצער דזשונגל-גרויל געשען.

בלאָנדע בעסטיעס פון אור-וואַלד אַרוים,
מיט טאַנקען ריזן, שטאָל-קאָלאָסן
געשטורעמט האָבן ישוב, קליין און גרוים,
אויף אַלע אַ פליייץ פון בליי האָט געגאָסן.

* לויטן רוסישן אויסריידן דעם גימל פאַר אַ ה׳

נאָר ווי חיות פון הפקר, פון ווילד
באַטראָטן זיי האָבן, ערד פונעם ייד,
און מיט חיהשע באַטרונקענע אויגן
אין אים שווערד געצילט, דעם בויגן.

מיט געזאַנג פון האָרסט־וועסל־ליד
האָבן האָרדעס, דייטשע „לוסט־קנאַבן"
די האַק געהויבן אויפן ייד,
רויב און מאָרד געשפּרייט, די שוואַבן.

איבער פוילן, „אַרבע אַרצות" צעשפּרייט,
ישׂראלס אַלטן שטאַם געוואָלט פאַרניכטן.
צווישן יידן אַלע, טויט, אומקום געזייט,
מיטן וואָרצל אויסרייסן, ייד געזוכטן.

פאַרברענט די הייזער, דורותדיקע נעסטן,
נישט געשוינט קיין אַלטן, פרוי און קינד,
אַלע צו דער שחיטה, אוי, ביזן לעצטן,
מיט ביקס און קנוט געטריבן, ווי אַ רינד.

ווירדיקסטע גראָע פון מיין שטאָם,
קינדער איידלסטע, מיט גאָלד געוויגן,
האָט פיינט, ווי פגרים געצויגן,
אומגעבראַכט זויגלינג מיט דער האָם.

אָ, ווי אַזוי געקענט האָט געשען?
וווּ האָט מען געהערט, ווען איז געווען?
בלאָנדע בעסטיעס אין מענטשן-געשטאַלט
גרויזאַמער זאָלן זיין, ווי חיות אין וואַלד.

פון די ברעגן פון אָדער, פון ריין,
זאָל גיפטיקער האַס אַזוי פליצן,
זיין זאָל אַ פאָלק אַזוי געמיין,
נידריקער פון ווערעם, אַזוי קליין.

פון מענטשן־האָר מ׳זאָל מאַכן אַ געבעט,
אַ שוואַנגערע דערשיסן אין אירע ווייען,
אין בלוט־געיעג, אין בלוטיקסטן געוועט,
אַ גאַנץ פאָלק צו לעסטער צו שפּעט.

צי האָט הימל און ערד ווען געזען?
מ׳זאָל מיט אַ טעמפּער זעג
צוויי מענטשלעכע קעפּ אָפּזעגן,
און בלוטנדיקע זיי וואַרפן אויף די וועגן.

יידן, וואָס האָבן ביים אַריינקום פון פיינט
מיט זייער לערנען זיך באַגייסטערט, געשיינט,
האָט זיי אַכזר אַזוי גרויזאַם פאַרשניטן,
אַ, גאָט, ס׳קאָכן, עס שטורמען די בלוטן.

פון צאַרטסטע, איידלסטע לייבער
געלע דייטשן געקאָכט האָבן אַ פּעטס,
מיין מאַמע אין זייער בלוטיקער נעץ,
מיט אירע פּערל באַפּערלט זייערע ווייבער.

אָ, גאָט, אונדזערע קינדער זויגנדיקע
פון זינד וואָס האָבן נישט געוווּסט,
קיינער, האָט זיי נישט באַשיצט,
די „דושעהובקעס" נאָר, האָבן זיי פאַרווּסט.

אין מײדאנעק אַ באַזױפּענער יונג
אױפֿן הערשט׳ס געמײנסטן װינק,
האָט אַ צאַפּלדיק ײדיש קינד
געװאָרפֿן װי אַ פּילקע אױפֿן װינט.

ס׳קינד פֿאַרן ציל פֿון תּליונס בלײ,
אָ, גאָט, איז אַזאַ װעלט גאָר כּדאַי?
און אַז לופֿט האָט עס נישט פֿאַרהאַלטן,
האָט ס׳מוחל אױפֿן ברוק זיך צעשפּאָלטן.

און אין מיידאַנעקס טאָל פון די ביינער
וואָס פאַר סדום ערגער, געמיינער,
האָט אַ דייטש, אַ קינד געלייגט אויף די שטיינער,
אַ קינד, פון רויז שענער, קרישטאָל ריינער.

זיין געקאָוועטער שטיוול זיך איינגעביסן
איז אין צאַרטן פיסל, אוי, אריין,
ס׳קערפּערל ר׳האָט אויף צווייען צעריסן,
און די זון נישט פאַרלאָשן האָט איר שיין.

מיט ביינער פול, טאָל איז צעשפּרייט,
מיט יידנס אַש, פעלדער באַמיסט, באַשאָטן,
טויט, אומקום, אומעטום איז געזייט,
און ליבע — איז אַ געבאָט פון זייערע געבאָטן.

נישט דיכטערישע פאַנטאַזיע, ס'איז וואָר,
אַלץ, אַלץ, שטימט אויפן האָר.
כאָטש האַנט ציטערט, איז שוואַך,
האַרץ בלוטיקט, געדאַנק אָבער איז וואַך.

איך הער דעם קרעכץ פון מיין קינד,
זיין ווייטיק נישט קיינער האָט געשטילט,
נאָך שטראָמט ס׳בלוט פון זיין ווינד,
זיין קרעכץ נאָך באַגלייט מיך אַצינד.

און איך זע דעם לעצטן צאַפּל
פון מיין קינד, מאַמעס שוואַרץ-אַפּל,
הער זיין לעצטן גרויל-געשריי,
און דער מאַמעס דערשטיקטן וויי.

ס׳איז פון טויט ערגער, שרעק פון קינד
וואָס צו אַ מאַמען זיך טוליעט ווי אַ רינד,
און אייגעלעך שוואַרצע, פייער־בליצן,
נאָר אָרעמע מאַמע קען עס נישט באַשיצן.

אָ, איר מענטשן פון וויסן און „קולטור”,
אַ קינדער־מערדער, געמיינער איז פון אַ הור,
זונה, איר לייב פאַרקויפט פאַר נויט,
נאָר פיינט געשעכטן האָט, נישט פאַר ברויט.

און אין דאָרטן אויף טרעבלינקעס פליין
ווו לעבן פאַרלאָשן האָט ערד אַליין,
פון אַ בערגל, אַ פוס שטאַרצט אַרויס,
און אויפגעגאַן דערנעבן איז אַ רויז.

און אויפן איבריקן טרעבלינקעס אַרום,
קראָען שוואַרצע, הינט נישטערן אום,
צווישן רעשטלעך פון ברודער טייערסטע,
פון שוועסטער צאַרטע, איידלסטע.

מיט הייליקסטן בלוט, ערד איז געשפּריצט,
בוראַקעס, קרויט, זיי האָבן באַשיצט,
אָ, נישט מיט קערנער געזייט, נאָר מיט טויט,
ס'איז קרויט ווייסע נישט ווייס, נאָר רויט.

איך זע די פייער־צונגען, קרבנות וואָס באַלעקן,
גלידער וואָס שטאַרצן פון קרעמאַטאָריומס עקן,
און די בלאָנדע בעסטיעס, וואָס טאַנס יונגען,
זייער בלוט מיט הנאה זיי באַשמעקן.

און איך זע יידישע געפֿאַנגענע, איידלסטע שיינהייט,
אַ בליענדיקע רויז, וווּנדערלעך האָט געצויבערט,
ס׳איז בעכער פול, מיט געמיינסטע געמיינהייט,
מאָלער איר געמאָלט, זיין ליב האָט געשווידערט.

ס׳האָט מאָלער יונגער, אַזאַ שיינהייט נישט געזען,
טרערן פון זיינע אויגן, געטריפט, האָבן גערינט,
וועט אַזאַ בליונג צעטרעטן ווערן, וועט עס געשען?
און אין זיין האַרץ זיך געעפנט האָט, אַ בלוטיקע ווינד.

סכנה אייגענע, יידן האָבן פאַרגעסן מיט איינמאָל,
ווי זייער אייגן לעבן נישט הענגען זאָל אויף אַ האָר,
מיטן מאָלער באַזאַמען, אַלע האָבן געוויינט,
און צו רעטן די שיינהייט, האָבן אַלע געמיינט.

און שענסטע קווייט, איידעלער צווייג פונעם שטאַם,
האָט שלאַנגען-האַרץ, געפייניקט, געשענדט,
איר צוגעגרייט צום פאַרברענען, צום פלאַם,
און אויך איר, האָט פייער פאַרברענט.

זעקס מיליאָן ייִדן, דורות גאַנצע,
האָט הויפּט פֿון דייטשלאַנדס אורוואַלד
אומגעבראַכט גרויזאַם, מיט געוואַלט,
דורך חיות זיינע, אין מענטשן־געשטאַלט.

איך זע דיך אומעטום, פֿאָלק מיין צעפּייניקט,
פֿון טרעבלינקע, מיידאַנעק, אָשוויענטשים, באַבי־יאַר,
נישט רעדט איין, נישט באַרויִקט, פֿאַלשע „נביאים",
נאָך לויערט די סכנה, נאָך לויערט געפֿאַר.

ווען געשטורעמט האָט זכריהס בלוט, נישט גערוט,
און נבוזראדן צומישן האָט געוואָלט קינדער־בלוט,
האָט שטורעם גלייך זיך געשטילט, אויפגעהערט,
און ערד קינדער־בלוט, האָט מער נישט פאַרצערט.

אַצינד, אַזוי פיל קינדער־בלוט, געוואָרן איז פאַרגאָסן,
שטראָמען, טייכן גאַנצע, זיינען געפלאָסן,
און זון האָט געשיינט, פייגל האָבן געזונגען,
בין האָט געזשומעט, פלאַטערלעך האָבן געשפּרונגען.

ס׳פלאַטערל האָט איר פרייִדיקע שפּיל,
בלום, דעם קוש פון דער זון,
בין גאָלדענע, איר פלי, איר זשום,
מיר נאָר די נאַכט, קיין באַגין. —

ס׳איז פלאַטערל קליינעם, געווען שוין בעסער
ווי מיין יונגעלע וואָס געווען איז פול גרעסער,
פאַרן פלאַטערל, פריי געווען איז גאַנצער הימל,
פאַר מיין יונגעלע, טויט, נאָר, טויטן־שימל.

אזא וועלט ווער דאַרף גאָר האָבן?
קברנים נאָר, שווארצע ראָבן,
ס׳איז קיין וועלט, אַ בלוטיק נאָר הויז,
ס׳איז נאָך מענטש, פון דזשונגל נישט ארויס.

אויף אַלע, אַלע וועגן פון דער וועלט,
ווי מיסט, אונדזערע ביינער צעשפרייט,
אַ פּויסט ווער נאָר האָט, וועמען נאָר געפעלט,
ווי קערנער אַ זייער, מיט טויט אונדז צעזייט.

און ווען די מידע וואָגלער פון ישראל
אַנטלאָפן זיינען פון גיהנום טאָל,
איבער ימים, געוואַנדערט ווי אַ מאָל,
האָבן כוואַליעס זיי פאַרשלונגען, אָן אַ צאָל.

ביי די טויערן פון ארץ ישראל, מיין לאַנד,
האַלט ענגלאַנד דעם שליסל אין איר האַנט,
ביים בראָך פון מיין פאָלק, געבליבענער וואַנט, —
אַנטפלעקסטו, אָ, וועלט, דיין פנים, דיין שאַנד.

ווען לייב עקיבאס, רוימער האָבן געקעמט,
אים, מיט פאָלקס-ליבשאַפט וואָס האָט געשמט,
און ווען מיט „אחד״, פאַרגאַן ר׳איז אין פּיין,
זיך געוואָקלט האָט, דער גאַנצער זיין. —

בהלה, אַ שטורעם אין הימל איז געוואָרן,
ס׳האָבן מלאָכים געכאַפּט, משיחישן האָרן,
„איז דאָס די תורה, דאָס איר געצאָלט ?
איז אַזאַ וועלט כדאי, איז עס געמאָלט״ ?

און פון דער הויך אַ שטים האָט געדונערט:
„אויב געשריי אַזאַ, נאָך איך וועל הערן,
וועלט צו וויסט און לער איך וועל אומקערן".
און קיין מלאך ושרף, האָט מער נישט דערוווידערט.

וויפל עקיבאס, האָט מערדער פון היינט
געשענדט, זייערע לייבער געריסן?
און ס'יובלען די מערדער, ס'לעבן די פיינט,
און יידיש בלוט, נישט הערט אויף צו פליסן.

אויף פֿאַרמעטן אַלטע, ווו געשריבן איז:
„נישט שענד, נישט רויב, נישט מאָרד",
האָבן זיי להכעיס געטראָטן, מיט אומריינע פּיס,
מיט בלוטיקע אָרגיעס, געשענדעטן וואָרט.

אין גאָרטן אַלטן, געוועזן זיינען
בלומען, אַ גאָלדענע רויז,
פֿלאַטערלעך געטאַנצט האָבן,
ביז פֿון בינשטאָק איז אַרויס.

זיידע מיינער, „חובות הלבבות״
געלערנט האָט אין גאָרטןביים הויז,
האָט פיינט אים געטויט,
און פון אַלץ אַ חורבן געלאָזט בלויז.

אַ, אומריינע, שענער איז איבער אַלע שיינקייטן,
מאַמע פון מתים-וואַל, וואָס שטויסט אַראָפּ איר זון,
ס׳איז מאַמע הייליקער איבער אַלע הייליקייטן,
וואָס פאַרן טויט אַ רגע, פאַרהיט איר געוויין...

דעם געטאָם העלדן, געוואַגטער זיינען פון פּאַנטערע,
פאַרן פאָלק געקעמפּט זיי האָבן, פאַר ישראלס ערע.
מיט שטאָל און אייזן נעמט מען נישט קיין וועלט,
און פון קינדער־בלוט, ווערט מען נישט קיין העלד.

געדענק, וואָס עמלק האָט דיר געטאָן,
מיט צאָרן גליִ, געךעכטן, באַצאָל — דערמאָן.
געבענטשט זאָל זיין, מכבים אויפגעוואַכטע בלוט,
זאָל זיין געבענטשט, שמשון, נייער ייד.

אָ, איר „העלדן", שלאַנגען־העלדן,
צייכנס אייערע פּאַלש האָבן געבליצט,
אייערע אָרדנס מיט קינדער־בלוט
געצייכנט, איז געקריצט.

קדושים, קדושים, העלדן זיינען
מיט פלאַם וואָס האָבן געאָרעמט,
און וויים־בלאָ געוויקלט, אונדז
אויף דורות, זיי האָבן דערוואַרעמט.

הייליק זיינען, לעצטע מאָהיקאַנער
אויפן געטאָס פלאַמענדיקן דאַך,
גרעסטע פאָלקס גיבורים,
פאַרן לעבן, פאַר ישראלס וואַך...

מיט בלוט און פייער פאַרוועבט
כוהנים לעצטע, אין ירושלים-טעמפל,
זייער גייסט וועט נישט פאַרלאָשן ווערן,
ווי דער „נר תמיד", ס'הייליקע לעמפל.

אָ, ס'איז אונדזער בראָך
גרויס ווי דער ים,
אונדזערע ליידן אומענדלעך,
ווי דער אין־סופֿיקער פּלאַם.

נאָר דאָרן ער ברענט,
ער ווערט נישט פֿאַרברענט.
און נישט יאוש, טרויער,
נישט אַראָפּגעלאָזטע הענט.

ס'איז לעבן גאַנצער
פֿול מיט צער, מיט ווייען,
ביים גיהנום-טויער, —
אַלע, אַלע שטייען.

דעם פֿאַדעם ווייטער
לאָמיר ציִען, וועבן,
און אַז שטאַרבן,
איז ווי די לייבן...

און כאָטש איך אַ דיכטער וואָס זע
פרילינג צעבליטן, ווייסן קאַרשן־צוויט
אין די ליבע ריינע ווען זי בליט,
איז תפילה מיינע, מיין געבעט:

ערד דיינע דייטשע, איר פרוכט
זאָל מער נישט געבן,
קומען זאָל אויף דיר פאַרוויסטונג,
אויפהערן זאָל לעבן.

# לעצטער העלד פון געטא

(פּאָעמע)

נאָענט, גאָר נאָענט, געווען שוין איז דער פיינט,
מיט יידיש בלוט, העלער טאָג געווען איז פאַרגאָסן,
דעם הימל צעריסן, שטאַרקער בליץ האָט אויפגעשיינט,
אַ שמעלץ-געפלייץ פון ערד און שטאָל, האָט געפלאָסן.

אין געפלאַץ, געקנאַדער, געווען איז געטאָ-ערד מיטאַנאַנד,
לעצטער הייזער-פלאַם צום הימל פאַררויכערטן האָט געצויגן,
גאַנצער אָרום געווען איז איין פלאַמיקער בראַנד,
און לעצטער העלד פון געטאָ, זיין גורל האָט זיך געוויגן.

לעצטער געטאָס העלד, איין גיהנום־פייער געזען האָט די וועלט —
איבער זיין קאָפּ פלאַצנדיקע באָמבעס, צעפּלאַצט האָבן די ערד,
שטאָלענע פּיסקעס פון טייוול־מאַשינען, האָבן אַלץ צעשטערט,
ערד אַליין, אַ חורבן־מישמאַש, געווען איז איבערגעקערט.

אין שטאָל געגאַרטלט, האָט פיינט געשטורעמט מיט בליץ און דונער,
אין בעסטיאַלישער הפקר־שיכרות, יידן־זיג אויסגיסן,
לעצטע יידישע פּאָזיציע נעמען, פון ערד אָפּווישן,
און אַלץ אין אַ צעבושעוועטן גיהנום פאַרוויסטן.

ווי אַ ווילדע חיה, האָט דייטש מיט סלינע אין מויל
געגרייט דעם דזשונגל גאַנצן צום לעצטן רויב.
געזען זיין לעצטן קרבן, האָט געשיפּעט ער מיט גרויל,
און די טאַנקען נאָענטער, זיך געגעבן האָבן אַ הויב.

געמיינט האָט געטאָם העלד, לעצטער ייד ער איז.
קעגן פיינט איין פלאַם ער גליט,
מיט נקמה ער ברויזט, מיט צאָרן ער זידט.
ער וואָלט געשאָסן, נישט געוואָרן מיד.

זיך דערמאָנט אין אַלע און אין זיין געגאַרטע.
ר׳וועט זיך שלאָגן, שלאָגן ביזן לעצטן אָטעם־צוג.
דעם גראַנאַט גענומען, געצערטלט, ווי אַ פרוכט אַ צאַרטע.
פאַרן פאַלק ער קעמפט, זיין מאָרגן איז אויף דער וואָג.

ער ווייסט נישט, צי באַזיגן זיי ער וועט קענען,
ער איז איינער קעגן אַ צעבושעוועטן ים,
איין העלד, פאַרלעשן קען נישט אַ גאַנצן גיהנום,
ר׳וועט אָבער פלאַמען, ביזן אויסגיין פון זיין פלאַם.

וואָס מער נאָצים, די שיפּעודיקע שלאַנגען פאַרניכטן.
אַליין, מיטן לעצטן פלאַם זיך אָרעמען,
און אין זיי, וואָס מער שטאָל אַריינצילן, ריכטן.
און פאַרן מאָרגן, נייע שמשונס דערוואָרעמען.

איבער זיין קאָפּ אַ „מעסערשמיד" געקרייזט, האָט געפלויגן,
און דעם גאַנצן מויער האָט אַ פייער־צונג אַרומגעלעקט.
אַ שטיק דאַך האָט געפּלאַצט, אַ זייל־ברוך אויפגעהויבן,
דעם גראַנאַט פאַרקראַמפּט, ר'האָט אים אויסגעשטרעקט.

פון אונטן אַ „טיגער״, צו אים האָט זיך צוגערוקט.
דעם שטאָלענעם גאַרגל געהויבן, אים דעם ציל געשיקט.
אַליין אין רויך און סמאַל, ער האָט זיך געשטיקט,
נאָר אַ מעכטיקער אָדלער, ר׳האָט דעם טיגער אַרומגעבליקט.

מיט די כוחות לעצטע פון אַ ריז, ר׳האָט גראַנאַט געשליידערט.
אַ צעפלאַמטער מיטן בראָך פון זיינע שטאָלענע ביינער
האָט טאַנק אויף די אונטערשטע רייפן זיך געהוידערט,
איבערגעקערט ר׳האָט זיך, ווי אַ שיכור אויף די שטיינער.

אַ זיסער תענוג אין אים האָט זיך צעגאָסן, ווי מיט האָניק אנגעטרונקען.
ער, וואָס זען האָט נישט געקענט, אַ שפּין ווי עס ברענט,
וואָלט אין עקסטאַז פאַרגאַן, און פאַרגעסן פאַרזונקען.
און די בעסטיעס געוואָרגן, געוואָרגן וואָלטן זיינע הענט.

דער פייער פון זיין ברענענדיקן דאַך, האָט אויפגעפלאַצט מיט ברויז,
ארומגענומען פון אַלע זייטן, איז ער געוואָרן איין פלאַמיקער פאַקעל,
און גסיסה-צאַנק לעצטן, ער האָט אַלץ געזען אַזוי העל, —
פלאַם קערפּער האָט פאַרצערט, נאָר זיין גייסט, פאַרגאַן איז בלויז...

# מיין נעסט

איך האָב דיך מיין נעסט פאַרלאָזט.
אָ, נישט אַליין אַוועק איך בין,
אַריין איז האַרבסט אין מיין באַגין,
און אין האַרץ געווען איז אַ פראָסט.

נישט געקענט איך האָב דיר,
שענקען מיין סומנעם לעצטן בליק,
ס'לעצטע מאָל פאַרמאַכט דיין טיר,
ס'האַרץ געקלעמט האָט אָן אַ שיעור.

אין דרויסן בלעטער פון דיביימער
געפאַלן זיינען אויף האַרבסטיקער ערד,
אַ געפיל אין מיר געגנאַגט, האָט גענערט,
מחשבות אומעטיקע. איך האָב געקלערט.

ס'האָבן טרערן, שלאַנגען ווי קלאָרע, געשטיקט,
נאָר אַ מאָל, האָב זיי אונטערדריקט,
מיין האַרץ געבלוטיקט האָט, געוויינט,
געוואָרן מיינע געשטאַלט, האָב געפרעגט:

צי וועל איך אייך ליבסטע
נאָך איינמאָל כאָטש זען,
וועלן מיר נאָך זיין צוזאַמען
אין פריידן, און אין ווייען.

נאָר נישט אַליין איך בין אַוועק,
געוואָרן צווישן אונדז איז אַ וואַנט,
מיין געוויסן ריין איז, אָן אַ פלעק,
צעשיידט אונדז האָט מערדערס האַנט.

א פייגעלע איך וואָלט געווען,
אין לופט־געפאַך, וואָלט געפלויגן,
נעסט וואָלט שוין לאַנג געזען,
אין צייט געקומען, א שאָס פון בויגן.

נאָר א רויב־פויגל באַפאַלן איז מיין נעסט,
ווי א שפין איר פאַרוועבט אין בלוטיקער נעץ.
נאָך זע איך ס׳בלוט אין די ווינקלען,
אויגן מיט לעצטן טרויער, בליצן, זיי פינקלען.

כ׳וויים נישט, צי רעטן איך וואָלט געקענט.
ווער קען העלפן מיט געבונדענע הענט?
פייער נאָך איינעם וואָלט פאַרצערט,
דאָך מילדער, קרעכץ, פון אַ נאָענטן געהערט.

נאָר זאָל הימל און ערד
אָן עדות פאַר מיר זיין,
אַז אויך איך האָב געטרונקען
פונעם לאָגל, דעם ביטערן וויין.

פול איז מיין האַרץ
מיט ליידן, אייער פּיין.
טרויערן איך וועל אייביק,
ביזן סוף פון מיין זיין.

# ה י י ם

אין געפאַנגענשאַפט פרעמדן, קאַנדאַלאַקשע ווייטן,
כ׳האָב זיך דערמאָנט אין אייגענע בייטן.
אין ווארעמקייט היים׳שע, אייגענע ווענט,
אַ שונא וואָס פארכאַפּט, האָפענונגען געשענדט.

ביי טאָג, ביי נאַכט, האָב פון היים נאָר געטראַכט,
זכרונות אויפגעטויכט, האָבן אויפגעוואַכט,
ביי אַרבעט, אין רו, אייער געשטאַלט איז געשטאַנען,
טרערן אויף באַקן פארגעלטע, פרייז פון דערמאַנען.

ווען אַ פּעקל אין לאַגער האָב באַקומען,
פֿון דיר געגרייט, געשיקט אין דיין נאָמען,
האָבן געפֿילן זיך צעוואַרעמט, צעגאָסן,
טרערן פֿון מיינע אויגן, האָבן געפֿלאָסן.

און ווען אין פּיעטשאַכאַ קראַנק בין געווען,
ווי געליימט, נישט געקענט כ׳האָב גיין,
און לעבן אָפּגעזאָגט איז געוואָרן אין געהיים, —
בין איך געשטאַרקט געוואָרן, מיטן כוח פֿון היים.

און אַז צום צפון ווייטן, האָב געשוווּמען,
דיין ערשט קאַרטל באַקומען אין זונעלעם נאָמען,
כאַטש אַ שיכּור, — געאיבלט, האָב געבראָכן,
געווען ביי מיר איז יום־טוב, יום־טוב אין דער וואָכן.

איך געדענק, געדענק ווי אַצינד.
אַ, כ׳דעק אויף אַ בלוטיקע וווּנד.
אין קאַרטל געשריבן געווען: „מיר בענקען,
די טעג מיר ציילן, מיר געדענקען".

ווערטער געזוניקט, פאַנטאַזיע האָט געשפּינט,
גאָרטן פאַרוועלקטער, צוריק געבליט, האָט גענגרינט.
זיך פאַרגעשטעלט פון אַ ליבסטע, ס׳שענסטע בילד,
און צויבער פון דערוואַרטונג האָב געפילט.

געזען כ׳האָב מיין אַלט הויז,
צעפרייטע איר אַלע, גייט אַרויס,
זיך געזען אין אָרעמס פון ליבסטע,
אויפגעבליט כ׳האָב, אַ צעבליטע רויז.

געפילט דעם באַריר פון מיין טייערסטע,
געהערט האָב איבעררופן צערטלעכסטע,
אַזוי זיינען מיר אַריין אין הויז,
ס׳האַרץ צעשאַלט, פרייד געווען גרויס.

איז דאָס אַלץ אַ חלום געווען, אַ מיראַזש?
מיינע האָפענונגען פאַרברענט, זיינען גאָר אַש,
ס׳האָט טייוול, היים, מיין נעסט צעשטערט,
און נאָענטסטע נישט צוגענומען האָט די ערד.

כ׳וועל קומען אהיים, צוגיין צו מיין שוועל,
רופן איך וועל אַ נאָמען, אַרויסגיין וועט קיינער,
אָ, פריי זיך מערדער, שלאַנגען־האַרץ קוועל,
אַליין כ׳וועל בלייבן, פון אַ משפּחה נאָר איינער.

# מיין יונגעלע

אָ, קום, דו מענטש, און זע,
שטעל זיך אָפּ וואַנדערער, נישט גיי,
הער מיין פּיין, הער אוים מיין וויי,
מיין דערשטיקטן יונגעלעס געשריי.

אַ יונגעלע געהאַט כ׳האָב, אַ קליין,
שוואַרצע האָר געקרייזלט, שוואַרץ,
בויגעוודיק געווען, העלפאַנט־ביין,
מיט אַ קליין, פילנד גאָלדן האַרץ.

אין זיינע אייגעלעך די שווארצע,
אומעט גאַנצן ר׳האָט איינגעזויגן,
בענקעניש פון דורותדיקן גלי
צו היים אַן אייגענע, צו רי.

א קליין יונגעלע מיט פאַרלאַנגען גרוים,
ווי געפילט ר׳האָט, פון זיין פאָלק,
א ביימעלע וואָס שפּראָצט הויך אַרוים, —
פון א ליידן־פאָלק, ר׳קומט אַרוים.

צוגעבונדן געוועז, מיר זיינען באַנאַנד,
נישט פאַרהוילן אים כ׳האָב מיינע ווונדן,
ווי פריינד אַלטע, אינטים באַקאַנט,
מיינע טרוימען מיט אים האָב פאַרבונדן.

בין איך פון מיין היים פאַרוואָרפן געוואָרן,
אים אויף אייביק, האָב אָנגעווווירן.
נאָך אים האָב געבענקט, אין צפון, דעם ווייטן,
דערמאָנט זיך איך האָב, אין פאַרלוירענע צייטן.

זיינען גרוסן געקומען, פון היים ווייטער,
פון „דושעהובקעס״, דערשטיקטע געשרייען,
פון מענטשן אויף פלאַמיקע שייטער,
פון קינדערשע קרעכצן און יונגלשע ווייען.

אין טרויער אייגענעם, האָב זיך געשפּיגלט,
זיין בילד אין מיין האַרץ, האָב פאַרזיגלט.
און ווען פרייעם פויגל אין געשוועב האָב געזען,
האָב איך אין אים זיך דערמאָנט, אין געשען.

און ווען געזען כ׳האָב, פון צפון די מאַי־נאַכט,
בעת ליכט אַליין מיט ווייסן צווייט זי שיט
און פון שיינקייט אַ מענטש טראַכט, נאָר טראַכט,
האָב איך מיין יונגעלע געדענקט, ער איז אַ ייד...

און ווען הירש צום וואַסער איז אַרויס,
אויפגעשווומען איז ווידער, מיין פאַרלאָזן הויז,
וואָס טויג מיר שיינקייט, ווען דזשונגל איז גרויס,
די מאַי־נאַכט, ווען צעטראָטן איז מיין רויז.

# דאס הויז און מיין ליבע

## (באַלאַדע)

עס האָט פיינט מיין אַלט הויז צעשטערט,
פאַרברענט, עס אויסגעגלייכט מיט דער ערד.
אַ הויז, פון דורות פאַרגאַנגענע געבויט,
אַ גאַניקל בלאָ, דאַך געפאַרבט רויט.

אַרום הויז, אַ גאָרטן אויך געווען,
אין איםביימער, אַלטאַנקע רייצנד־שיין,
בלומען שיינע און אַ גאָלדענע רויז,
פלאַטערלעך פול, אויך בינשטאָק גרויס.

האָבן פלאַטערלעך געטאַנצט אַרום דער רויז,
בינען גאָלדענע פון בינשטאָק זײַנען אַרויס.
טאַטע אין „ספר חסידים” האָט מעיין געוועזן,
אַ ווײַסע טויב, אויך איז געקומען צו גיין.

אונטער אַלטאַנקע, געוועזן אויך אַן עפּלבוים,
פֿייגעלעך פֿלייט געשפּילט האָבן אויף זײַן קרוין,
און אין שאָטן פון עפּלבוים פאַר נאַכט
האָט מײַן ליבע ערשטע דערוואַכט.

אין פאַרנאַכט־דעמער, ערב זון־פאַרגיי,
לאָקן אירע בלאָנדע, זון האָט געלעקט,
גאָלד זיך געטיקט האָט, אין בלוזקעלע ווי שניי,
פאַרדרימלטע געפילן מיינע, זי האָט אויפגעוועקט.

און אירע קאָלעם בלאָע אויגן,
אין וואַסערן בלאָע, האָב זיך געשפּיגלט,
מיין הארץ, א שיכור, — האָט זיך געוויגט,
אין זיך איר שמייכל, האָב איינגעזויגן.

יעדן פאַרנאַכט אונטערן עפּלבוים, איז געזעסן,
אַ פּאָר פאַרליבטע טויבן, מיר זיינען געווען,
פאַרגאַפט, האָבן אויגן מיינע, איר געגעסן,
געווען איז זי שיין. אַזוי שיין.

אַ פלאַטערל וואָס טאַנצט אויס אַ פריייד-סימפאָניע,
האָבן הערצער צוויי, געטאַנצט איין פריייד-האַרמאָניע.
שיר השירים פון אַלע וועלטן, האָב פאַרנומען,
אַ זיסער עקסטאַז, האָט אונדז אַרומגענומען.

װען נאָר איין מאָל זי איז נישט געקומען,
װי אַ מאַגנעט שוין, האָט מיך געצויגן,
אַ װאָלקן אין רוים, כ׳װאָלט געשװוּמען,
אַ פֿאַרכּישופֿטער צו איר װאָלט געפֿלויגן.

נאָר איין מאָל געקומען, זי שטייט,
פֿול טרויער פֿון איר האָט געװייט.
די אויגן אין טרערן געװייקט,
האַרץ געסקריפּעט, אַ טעמפּע זעג.

„אַנטלויף גיכער, וואָס גיכער, מיין ליבסטער,
טייוול דייטשער שוין דאָ, סאַדיסט וויסטער,
פון אור־וואַלד בעסטיע געקומען, איז דאָ,
ס׳האָט גורל געשלאָגן, אונדזער לעצטע שעה”.

אירע הענט, זילבער־רייפן, האָבן מיר אַרומגענומען,
אייביקע ליבע געשווירן איןביידנס נאָמען,
צו איר האַרץ אייליק, מיר געדריקט,
אויף מיינע ליפּן אַ לעצטן קוש, האָט אָפּגעגליט.

בין איך אוועק אין ווייטן פרעמד,
אין אוזבעקיסטאַן זוניקן, אין טאַשקענט.
זיך דערמאָנט אין עפּלבוים, און הויז,
אין מיין ליבע, אין גאָלדענער רויז.

נאָך איר האָב געבענקט אין טאַשקענט,
איר געזוכט צווישן מויערן און ווענט,
ביים סקווערל, — צו אַלע זיך געווענדט;
„צי אַזאַ געטראָפן, איז מיין האָפענונג געשענדט"?

געוועז אַ שלאַנקע, בויגעוודיק, העלפאַנטביין,
אַ מויל, ווייסע מאַרמאָר ציין,
אַלבאַסטער־הענט, בלאָע אויגן,
שולטערן גלייכע, אַ געשפאַנטער בויגן.

זיינען גרוסן געקומען פון היים,
אין מיידאַנעק אַזאַ מיידל געוועז.
אַרויסגעפירט איר האָט, שטורעם־פירער אַליין,
און איר דערשאָסן ביי אַ בערגל ליים.

און אין דער היים דער ווייטער,
האָט הויז געברענט, אַ פלאַמיקער שייטער,
דעם גאָרטן צעטראָטן, אַלץ צעשטערט,
און פאַריתומט מיין ליבע מיט דער ערד.

# דער בארג פון ערגעץ א שטאט

אין ערגעץ, ערגעץ אַ שטאָט,
דאָ איז, אַ ווּנדערלעכער סאָד,
מיט בעז, ווייסן קאַרשן-צווייט
און אַ כישוף-באַרג אין מיט.

אַרום באַרג, אויך אַ וואַסערל, אַ קליין,
און אַז אַ רעגן עס גייט,
איז אונטערן באַרג אַ טייכל צעשפּרייט
און באַרג מיט זילבער איז פאַרזייט.

אין פאַרנאַכט־דעמער, אַ פּאָרל אַ טרוים —
אונטער אַ חופּה פון אַקאַציע־צווייט,
און ווען גליסטונג צעצונדן, גוף צעגליט,
איז באַרג מיט ליבע צעבליט.

געשיכטעס פול, באַרג דערציילט
פון מענטשן מיט בענקעניש באַזעלט,
אויף זיין רוקן וואָס האָבן גערוט
און אין זיין — האָבן אָפּגעגליט.

מיטן באַרג מײַן טרויער האָב פֿאַרוועבט,
מײַן לעבן ווי אַ קינד האָב פֿאַרוויגט,
אונטער די אַקאַציעס זיך אויסגעלעבט,
און אומבאַהאָלפֿ אייגענעם פֿאַרשטיקט.

פֿון בלומען קאַלירטע, שײַנקייט האָב געזויגן,
זייער דופֿט אין זיך, האָב אַרײַנגעצויגן.
און דעם סאַמעט געגלעט האָבן מײַנע אויגן
און אין גייסט-נירוואַנאַ, — האָב אַוועקגעפֿלויגן.

און ווען בין פֿאַרגאַפֿט געזויגן האָט די רויז,
מיין גליסטונג צעגליט, געווען איז גרוים.
טרויער מיין האָב געשטילט אין ליבע בלויז,
און שיכור בין פֿאַרגאַן אין איר שוים.

באַרג, אַ צויבער-באַלזאַם, מיין טרויער האָט געהיילט,
געפֿאַנג פֿון אַ לעבן, וואָס נישט איך האָב געוויילט,
אַצינד דעם כישוף-באַרג, האָב פֿאַרלוירן,
דורך ווייט און צייט, אים אָנגעווירן.

בלאָנדזשעט מיין גייסט, מיין סומנער אַרום,
דורך אייגענעם צוואַנג אינעם שטורעם געטריבן,
אַ נעפּל אומבאַהאָלפן אין וועלטן איך שווים,
מיין לעבן נישט פאַראַנקערט, ס'ווערט צעריבן.

## י ז כ ו ר

געדענק, אַ, געדענק,
אַז גרויזאַמער פון חיות
זיינען די מערדער געווען,
עמלק־געשטאַם, דייטשן־געביין.

געדענק, אַ, געדענק,
די עופּהלעך פונעם שטאַם.
פאַרגאַנגען וואָס זיינען
מיט זייער האַם.

מיליאָנען זעקס, תּליון האָט פֿאַרלענדט,
ווירדיקסטע צום טויט פֿאַרפֿייניקט,
קוויימען איידלסטע פֿון שטאָם
צום פֿייער געשיקט, צום פֿלאָם.

שונא האָט געשאָכטן,
האָט זיך נישט דערבאַרעמט,
נאָר זון האָט געשיינט,
געוואַרעמט, האָט געוואַרעמט.

אראָפּגענומען איז מיין צירונג
צעטראָטן איז מיין קרוין,
קרוין פון „ארבע ארצות״ — לענדער פיר,
און פון יידן, יידן פון פוילן,
פון מיין קאָפּ דער שענסטער באַציר.

געדענקזשע, אָ, געדענק,
פונעם פאָלק אַ דריטל, דעם פיין,
און אויף אייביק זיי טראָג, —
אין זיך זיי קריץ איין.

# דיין הארץ צעברעך

אָ, צעברעך דיין אייגן האַרץ
ווי אַ צייטיקע שאָל, בעל־רחמים.
צעריים דיינע הימלען, ווי עס
רייסט קריעה פאַריתומטער דור.

נעם אַראָפּ דיין קרוין, און
פאַרוואַנדל אין שטויב דיין טראָן.
זאָל הימל׳שער פלאַם זיך לעשן,
ווי די לעבנס פון די מענטשן־קינדער.

נידער אַראָפּ פון דיין הויכקייט,
און ווי אַן אָבל
באַשיט דיין אַלמאַכט,
מיטן אַש פון די צעשטויבטע גופים.

טרינק זיך אָן מיט דער ביטערניש
פון דיין אייגן ווערק,
און אין שוים פון דער לאַנגער נאַכט,
קער אום די וועלט, צו תוהו ובוהו.

# דיינע טרערן געזאַמלט

(חיהן, אויף איר אומבאַקאַנטן קבר)

איך האָב דיינע טרערן געזאַמלט.
אַ בינטל ריינסטע פּערל זיי געשנירלט,
און אויפן הייליקסטן אָרט,
זיי באַהאַלטן, באַהאַלטן דאָרט.

ווען דו האָסט אויגן דיינע סומנע
אויף מיין קראַנקן בעט געלייגט,
האָט דיין האַרץ שטיל אַזוי געוויינט,
באַנומען איך האָב, נישט געפרעגט.

ס׳האָט דיין האַרץ שטיל אַזוי גערעדט,
און איך דיין שטילסטע תּפֿילה
האָב געהערט און פֿאַרנומען,
ווי אַ קרבן באַוויליקט, צוגענומען.

און ווען אַוועק, אַוועק ביסט פֿון מיר,
זיינען וויִעם דיינע צוויי פּערל געווען,
מיינע אויגן דיר באַגלייט צו דער טיר,
ביסט געווען אַזוי איידל, אַזוי שיין.

# קום דו מענטש

קום דו מענטש און זע, דעם גאַנצן דזשונגל גרוים,
הער דאָס ווילדע שיפּען פון די שלאַנגען,
אַראָפּ די מאַסקע, ס׳שלאַנגען־האַרץ אַנטבלויז,
זע די קאַניבאַלן, מיט אָרדערן פול באַהאָנגען.

קום דו מענטש און זע, דעם גאַנצן דזשונגל גרוים,
זאָג, פאַר וואָס נאָר יידיש בלוט איז הפקר בלויז?
פאַר אַלע בליִט די בלום, די שיינע רויז,
אַלע קומען פון אַ מאַמעס שוים אַרויס.

קום דו מענטש און זע, דעם גאַנצן דזשונגל גרוים,
זע, ווי שלאַנג וויקלט זיך און שטיקט.
הער געברום פון בעסטיע ווען זי גייט אַרויס,
זע, ווי וואָלף שעפּסעלע רייסט און פּליקט.

קום דו מענטש און זע, דעם גאַנצן דזשונגל-גרויל,
ווען הירש צום וואַסער גייט אַרויס
שפּרינגט אויף אים אַרויף דער טיגער,
הירש ער פּרעסט, קערט זיך אום אַ זיגער.

# איך האב געמיינט

כ׳האָב געמיינט, אונדזער צעשיידונג
אויף אַ ווייל נאָר איז,
שטורעם בייזער וועט אַריבער
און גאַנץ וועט ווערן אונדזער רים.

אויך אַ פייגעלע פון דער נעסט
אַוועק אַ מאָל עס פליט,
נאָר צוריק עס קומט
אין נעסט אייגענער ס׳רוט.

ס׳טרעפט: צעשיידן זיך די מוזט,
כאָטש מיט בענקעניש דיין הארץ,
נאָר שטורעם שטאַרקער בלאָזט
און די איבערוואַרטן מוזט.

ס׳טרעפט: אויף אַ באַרג די קריכסט.
באַרג איז הויך, באַרג איז שיין,
און זיין שפּיץ דעם גאָלדענעם
אַרומצונעמען איז דיין מיין...

נאָר אויף זיין הויך
אַ רויז אַ צאַרטע בליט,
פול מיט רייץ, פול מיט חן,
אין שימער זוניקן זי גליט.

און אַז מיט גליסט צעצונדן —
אויך זיין שפּיץ דערגרייכסט,
און צו רויז דיין האַנט דו שטרעקסט,
נאָר רויז פאַרשווינדט,
צאַרטער צויבער דיר צערינט.

# צוזאמען

איך ווייס נישט, צי ווערטער מיינע
צו דיר דערגיין, זיי וועלן צי ניין,
נאָר זאָל זיין, ס׳איז אַזוי געווען.
אַ, ווי שיין ס׳געפיל פון זיין, ס׳איז,
פון זיין, צו זיין צוזאַמען.

ס׳איז ס׳גאַנצע לעבן
נישט אַזוי פיל ווערט,
ווי איין מינוט פון וועבן
ס׳גאָלד געשטיקטע חופה־קלייד,
וואָס פאַרבינדט און פאַראייניקט
און גיט די גרעסטע פרייד.

ס׳איז שאַרף פון דער ליליע,
פון מאָן־קעפּעלעך זייער חן,
גאָר אַזוי נישט שיין
ווי שיין ס׳געפיל ס׳איז
וואָס באַפליגלט און באַהויכט —
און צעצינדט אין דער שטיל,
ס׳געפיל פון זיין, זיין צוזאַמען.

זיסער ווי דער זיסטער האָניק,
ווי פאַרשיכורנדיקסטער צווייט,
איז דאָס געפיל ס׳וואונדערלעכע
אין מיין האַרץ וואָס רוט אין בליט,
צייט און ווייט איבערשפּאַנען,
דעם אַמאָל דעם זיסן דיר דערמאָנען,
און איבער תהום פון צעשייד
צוריק צו זיין, זיין צוזאַמען.

ס'איז ווי פונעם פלאַטערל מיין בענקעניש
אומענדלעך אַזוי טיף און גאַרנדיק אַזוי
שטאַרק, ווי דער סודותדיקסטער רוף
פון זיין חנוודיקער גליסטונג, —
ווען זיין חיות טאַנצט ער אוים פאַרשייט,
ביי דער זון, ביים בלומען-בייט.

ס'האָט גאַנצע צייט, געפיל
אין מיין האַרץ גענערט
ווי אַ זאָמען פון דער ערד
וואָס וואַרט אויפן פרילינג,
אויפן כישוף פון צעבליִונג.

איך האָב דאָס געפיל
ווי אַן אוצר אין מיר געטראָגן,
און ווי אַ רייפע פרוכט,
אין מיר עס אויסגעטראָגן.

איז אַ שטורעם-ווינט געקומען,
מיר פון היים פאַרטריבן,
האָט אַרויסגעיאָגט דעם זאָמען
און דעם אוצר צוגענומען.

# דער אייביקער ייד

אין פייער פון דורות, ייד איז געגלִיט,
געטובלט אין אייגענעם פיין
פון הארטסטן שטאָל איז געשמידט,
אַ גראַניט אין אייגענעם זיין.

און ווען אין בלוטיקע שטראָמען געווייקט,
מיטן בלוט אייגענעם, אייגן לעבן
אַ וועג צו זיין אייביקייט ר׳לייגט,
זיך און ס׳פאָלק ער דערהייבט.

און אז אַ פייער פאַרצערט אַ טייל צווייגן,
טיפער זיך פאַרוואָרצלט שטאַם
און קרעפטיקט זיך אין שווייגן,
ביז צוריקגיין גייט אויף זיין פלאַם.

וואָס גרעסער די ליידן, די ווייען,
וואָס שטאַרקער האָס פונעם פיינט,
אַלץ מער לאָמיר שטאַרקן די רייען,
און גליסטן צום מאָרגן, צום היינט.

זאָל אונדז היינט מיט יאוש נישט שלאָגן,
אַ ווילן נאָר אַ מעכטיקן, צו לעבן, צו זיין,
שונא להכעיס, נישט וויינען, נישט קלאָגן,
פון נצחון נאָר טרינקען דעם ווייַן.

אַ ייד, אַ רינג אין דער קייט,
איין רינגל, שוואַך איז אַן קראַפט,
נאָר ייד אַ ברודער, צוזאַמען ווען גייט,
צוזאַמען אַ כוח, אַ כוח וואָס שאַפט.

ווי אַ קריגסמאַן, היט די טראַנשייען,
נישט מורא, נישט פּחד אין די אויגן,
שונא, ער וואַרט אויף טראַפּייען,
שלאָג אים מיט קראַפט, פון אור־קראַפט געזויגן.

אַ, ס'איז נאָך דזשונגל גענוג גרויס,
ס'האָט ייד נאָר שלאַנגען־האַרץ אַנטבלויזט.
אומזיסט האָט קולטור זיך געגרויסט,
ס'האָט נאָך לעמעלע מיט וואָלף נישט געהויזט.

נאַר אַז אַריינפאַלן צום שונא דו וועסט,
ווי שמשון אַ שלעפּ טו דעם זייל,
און אַזוי מיט קוראַזש און פעסט,
שיק פּריער אינעם שונא די פייל.

# א שטימע פון דער נאַכט

איך האָב אַ שטימע
געהערט פון דער נאַכט:
„שטיי אויף מיין פאָלק,
שטיי אויף, דערוואַך"!

ס'האָט אכזר, דער פיינט,
אונדזער הויז, פאַרברענען, פאַרטראַכט,
האָט העליש פייער געשיינט
אין יענער פינצטערער נאַכט.

איז אַ טייל הויז געוואָרן פאַרצערט,
נאָר פונדאַמענט שטאַרקער איז געבליבן.
ס׳איז פון אייביק אַזוי גורל באַשערט,
ס׳איז די געשיכטע, געשיכטע פון יידן.

אַצינד, פון הריגה-טאָל גיי אַרויס,
מחנה געבליבענע אויף ס׳ניי צייל,
פאַרזיכער מיט גבורה דיין הויז, —
און וווּנדן אַלטע פאַרהייל.

נאָר ווײַס, נאָך איז שנאה נישט אַריבער,
צו אַ געראַנגל אַ נײַעם זײַ גרייט,
כּוחות נאָר אייניק, שמיד איבער,
דאָס נאָר, זײַן זאָל דײַן באַשייד.

## ביכער פון יעקב כהן:

„דריי יאָר אין פוילישן מיליטער" (מעמואַרן)
„פּרוזשאַנסקי", ביאַליסטאָק, 1930

„אין און אַרום ציוניזם" (עסייען)
„פּרוזשאַנסקי" ביאַליסטאָק, 1931

„פון אייגענעם גאָרטן" (אַפאָריזמען אין לידער)
„אָבעצע", פּאַריז, 1949

„אויף די וועגן פונעם יידישן קיום" (עסייען)
פאַרלאַג „צעראַטאַ", פּאַריז, 1950

„לאַבירינטן פון געדאַנק" (אַפאָריזמען)
פאַרלאַג „טשאַפּניק", פּאַריז, 1951

„פאָלק, גייסט און לאַנד" (עסייען)
פאַרלאַג „טשאַפּניק", פּאַריז, 1952

„צו אַ ניי לעבן" (דערציילונגען)
פאַרלאַג „טשאַפּניק", פּאַריז, 1953

„לעבן און טראַכטן" (עסייען)
פאַרלאַג „בידערמאַן", ניו־יאָרק, 1954

„דער גורל פונעם ייד" (ראָמאַן)
פאַרלאַג „י. ל. פּרץ", תל־אביב, 1960

„אונטער די סאָוויעטישע הימלען" (זכרונות און בילדער)
פאַרלאַג „י. ל. פּרץ", תל־אביב, 1961

„די משפּחה ערליך" (ראָמאַן)
פאַרלאַג „ניי־לעבן", תל־אביב, 1964

„אין פלאַם פון דאָרן" (פּאָעמעס און לידער)
פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב, 1965

## פאַרפאַלן געוואָרענע מאַנוסקריפּטן:

„פון זיך" (לידער און פּראָזע)
ביאַליסטאָק

„מיט די כוואַליעס פון לעבן" (ראָמאַן)
ביאַליסטאָק

„ערשטע פּרוכטן" (לידער)
ביאַליסטאָק

## אין דרוק:

„בין השמשות" (לידער אין פרייעם פערז)
פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב, 1966